ערשטער יאהרגאנג נר. 7. DUS w Krakowie.

# דאס ליכט

להאיר להם את הדרך — אשר ילכו בה

ערשיינט יעדען פרייטאג. ארטאדאכסיש ארגאן פאר גאליציע. ערשיינט יעדען פרייטאגן

ב"ה קראקא, פרייטאג תצוה י' אדר תרצ"א. ליכט צינדען 5·02 מוצש"ק 6·16 Kraków, dn. 27 lutego 1931.

אדרעס פון רעד. און אדמ.: קראקא מייזעלסא 4. טעל. 120-96. — Adres Red. i Adm.: Kraków, Meiselsa 4. Tel. 120-96.

ר. נחמני.

## קימו וקבלו...

אין אחשורוש'ס אימפעריע האט מען נישט געוואוסט פון קיין נאציאנאלער אונטערדריקונג ס'האט געהערשט דער פרינציפ „יעדער זאל רעדען אין דער שפראך פון זיין פאלק" אויך יודען האבען געהאט גלייכע רעכטע אלס יחידים און אלס קאלעקטיוו אלס צבור, זאגאר מלוכה דעקרעטען זענען ערשיענען אויך אין דער יודישער שפראך און שריפט — ואל היהודים ככתבם וכלשונם. האבען יודען זיך פערגעסען צוביסלעך, אוועקגעווארפען זייער אייגענארט און עס איז געקומען דערצו אז יודען האבען נהנה געוועזען מסעודתו של אותו רשע.

דער קעניג מאכט א מלוכה-פייערונג און אויך יודען ווערען איינגעלאדען אין דעם פעסט טייל-צונעמען. אודאי א גרויסע דערגרייכונג. ווי קען מען עס קומען פערשטערען די שמחה פערלאנגען פריווילעגיעס פון א בעזונדערע מאהלצייט מיט כשר'ע מאכלים. ס'זענען אוך פארהאן יודען וואס ווארנען: דער געבאט פון מלכו של עולם שטעהט העכער ווי די איינלאדונג פון קעניג, זאל מען נאר פרובען עס ערקלערען וועט עס די רעגיערונג אויך פערשטעהען און עס גארנישט פאראיבעל נעמען. געזיעגט האבען אבער די אנדערע אין דער יודישער מחנה, דאס יודישע פאלק איז דעם נסיון נישט בייגעשטאנען, עס האט איבערוואויגען דער דראנג צו נשיאות חן ביים קעניג און די שרים.

איז געקומען די רעאקציע, עס שיינט אויף דער שטערן פון המן אין מערקווירדיג נאכדעם ווי יודען האבען אנגעהויבען זיך צופאסען צו די מנהגים פון די פעלקער און אפילו צוזאמען געפראוועט שמחות, דוקא דעמאלט קומט די פארלע פון פערטיליגען און אויסהרג'נען אלע יודען, פון להשמיד להרוג ולאבד.

און אזוי איז עס תמיד אין דער יודישער געשיכטע דוקא דעמאלט ווען מיר שטיפען זיך צופיעל אין פרעמדע געזעלשאפט, ווען מיר זענען גרייט אלעס צו פערבייגען "אבי צו געפעלען די פעלקער, גראד דעמאלס ווארפט מען אונז פאר דעם דתיהם שונות מכל עם.

ערשט ווען עס דראחט חלילה דאס ערגסטע להשמיד להרוג ולאבד ווענדען זיך יודען ווידער צו מרדכי'ען דעם ריכטיגע 'ודישען מנהיג און מרדכי ווערט דער רעטער אין דער נויט, דער שליח צום נס.

מרדכי ווארפט די פארלע פון לך כנוס פון צונויפזאמלען אלע יודען אויף א כנ"ס לשם שמים, עס צוּוואקסט זיך די בעוועגונג אויף צוריק צום יודישען מקור, צו דער יודישער אייגענארט.

יודען קומען צו דער הכרה אז נאר אין דער תורה איז אונזער כח הקיום און עס קומט צו דעם גרויסען קידוש השם אקט פון קימו וקבלו, יודען זענען אויפ'ס ניי מקבל די תורה אבער דאסמאל נישט אונטער דעם דרוק פון כפה עליהם הר כגיגית.

ניין! יודען זענען דאסמאל פרייוויליג מקבל די תורה אויס אייגענער טיעפער איבערצייגונג אז די תורה און דער יודישער לעבענסשטייגער ווענען דער איינציגער שוץ פאר יודען אין אלע צייטען — קימו מה שקבלו כבר — זיי האבען איצט פרייוויליג בעשטעטיגט דאס וואס זיי האבען ביז איצט געהאט בלויז איבערגענומען.

# אביסעל מעהר אויפריכטיגקייט!

עס מעהרען זיך לעצטענס זעהר פיעל פערשארפטע אטאקעס געגען קהלות-וועזען אין פוילען. אונזערע לינקע האבען אנגעגורט די לענדען און איבערגעגאנגען צו א גענעראל-אפענזיווע געגען רעליגיעזען כאראקטער פון די קהלות.

א טייל יודישע שלוחי-צבור אין סיים און אין סענאט ווייזט אויס — האבען אין היינטיגער שווערער צייט נישט וואס צו זארגען, נור דוקא מיט אלע געוואלד צו ווערען איבעראנדערשען דעם כאראקטער פון די קהלות אויף וועלטליכע ריין פאליטישע. זיי ווילען אונז דוקא מזכה זיין מיט אזוי גערופענע נאציאנאלע קהלות. ביי דער בודזשעט-דעבאטע אויפ'ן סיים-פלענום האבען אונזערע דעפוטאטען געקעמפט צווישען זיך. שטאט מיט געמיינזאמע כחות פרובען צו ערווירקען א לינדערונג פון דער יודישער נויט, שטאט געמיינזאם אויפצוטרעטען געגען די צו גרויסע שטייער לאסט, עטאטיזם וכדומה, האבען זיי גאר פערוואנדעלט דעם סיים אין א קאמפס-ארענע וועגען די יודישע קהלות.

אויף דער זיצונג פון דער בילדונגס-קאמיסיע איז פארגעקומען דער צווייטער אבשניט פון אט דעם קאמף. דעפ. גרינבוים האט אריינגעטראגען אן אנטראג צו ענדערען דאס קהלה-געזעץ און עס האט זיך וויעדער ענטוויקעלט א דעבאטע וועגען דעם רעליגיעזען כאראקטער פון דער קהלה.

עס איז אפילו שווער צו דערגעהען אין וואס אייגענטליך עס האנדעלט זיך דא.

די קהלות — כאטש אפיציעל הייסען זיי רעליגיעזע — איז אבער זייער טעטיגקייט געוועזען ביז איצט א אלגעמיינע. די קהלות האבען סובווענציאנירט די מאדערנע שולען ווי תרבות א. א. אין א גלייכער מאס ווי דעם רעליגיעזען חינוך, טראץ דעם וואס אלס רעליגיעזע קהלה וואלט מען געדארפט פאדערען אין דער ערשטער רייהע צו זארגען פאר דער רעליגיעזער ערציהונג פון יונגען דור. פילאנטראפישע אינסטיטוציעס ווערען געשטיצט און מ'וואלט אבסאלוט נישט געקענט מעהר ערווארטען פון די קהלות ווען זיי הייסען נישט קיין רעליגיעזע.

דעפ. זאמערשטיין האט אין דער בילדונגס-קאמיסיע פערלאנגט, אז אויב איינער גיעט אפ אין דער קהלה אנ'ערקלערונג אז ער בעלאנגט צום יודישען דת, זאל ער שוין האבען אלע רעכטע צו דער קהלה און אפילו קענען געוועהלט ווערען אלס מנהיג פון דער רעליגיעזער קהלה, טראץ דעם וואס ביי אנדערע געלעגענהייטען ערקלערט ער זיך אפען אלס אנטי-רעליגיעזער ד. ה. אז איינער וואס פיהרט אפילו עפענטליך אנטי-רעליגיעזע פראפאגאנדא, נור צוליעב א קהלה-בענקעל איז ער בערייט אונטערצושרייבען א דעקלאראציע וואס פערפליכטעט איהם צו גאר נישט, זאל ער קענען אנפיהרען מיט א רעליגיעזע קהלה.

עס איז פשוט נישט פערשטענדליך ווי קען מען עפעס פערלאנגען סאנקציאנירען אזא צביעות?

ווי וואלט געוועזען ווען אימיצער פערלאנגט, אז א אפענער בעקעמפער פון ישוב ארץ ישראל זאל אנפיהרען מיט דער יודישער אגענץ?

וואלט מען נישט פשוט פון אזא אנטראג זיך אויסגעלאכט?

עס קומט דערום א יישר כח דעם דעפ. מינצבערג פאר זיין מוטיג פערטיידיגען די רעליגיעזע קהלה. עס טאר נישט דערלאזט ווערען אז ס'זאלען זיך אויך ווייטער אריינכאפען אין די קהלות אנטי-רעליגיעזע בענקעל-זוכער, וואס האבען נור די כונה צו שטערען די ארבייטען פון דער קהלה און זי צו קאמפראמיטירען. אבער אויך פון די לינקע דעפוטאטען וואלט זיך פערלאנגט מעהר אויפריכטיגקייט אין אזא וויכטיגען ענין.

ר. ס—ש.

# פורים סאראגוסא.

(י"ז שבט — ה"א ק"פ)

צוריק מיט 511 יאהר, אין יאהר 1420 נאך דער אייראפעאישער צייט־רעכנונג, אין 17־טען טאג פון חדש, שבט, 5180 יאהר נאך דער וועלט־באשאפונג, איז געשעהען א גרויסער נס צו די יודען וואס האבען געוואוינט אין דער שטאדט סאראגוסא, אין לאנד שפאניען.

אין יענער צייט האט געקעניגט אין שפאניען דער קעניג: אלפאנס דער פינפטער. אין דער שטאט סאראגוסא האבען זיך דעמאלט געפונען 5 טויזענד יודען, וועלכע האבען זיך אויסגעטיילט אויף 12 באזונדערע קהלות, און זיי האבען געהאט די שוהלען געבויט פון מירמעלשטיין.

איז דארטען געווען א מנהג אז ווען דער קייזער פלעגט א דורכפאהרען דורך די יודישע גאסען, פלעגען איהם די יודען מקבל פנים זיין מיט 36 ספרי־תורה, וואס זענען געווען באפוצט מיט קרוינען פון גאלד און זילבער.

איינמאל האבען די רבנים פון די 12 קהלות זיך פערזאמעלט אויף א געהיימער אסיפה און זיי האבען ארייננעקלערט אין דעם ענין, צו איז דאס נישט אבזיון פאר די הייליגע ספרים צו באנוצען זיך מיט זיי אלעמאל פאר אזא צוועק. איז ביי זיי געבליבען, אז עדע קהלה, זאל צו גרייטען צי פוסטע זילבערנע שיידען אנטוען זיי די בענטעלעך מיט די ציהרונג פון די ספרי־תורה און דערמיט ארויסגיין פאר'ן קייזער. אזוי האט מען געטהון עטליכע יאהרען און די. זאך איז געווען א סוד פאר אלעמען.

האט זיך געפונען אין יענער צייט צווישען יודען א גרויסער רשע מיט'ן נאמען: חיים שאמי. ארער ווי מ'האט איהם דערנאך גערופען, „מארקוש", וועלכער האט זיך גע'שמד און דער קייזער האט איהם געמאכט פאר א גרויסען שר. דער דאזיגער משומד האט מגלה געווען דעם סוד און געוואלט ברענגען אנ'אומגליק אויף די יודען.

איינמאל איז דער קייזער א דורכגעפאהרען די יודישע גאס מיט זיין סוויטע, זענען די יודען ארויסגעגאנגען מיט די ספרי־תורה, אזוי ווי ס'איז געווען דער מנהג. די רבנים האבען געבענשט דעם קייזער און אלע יודען האבען געענטפערט „אמן", און דער קייזער איז זיך אוועקגעפאהרען.

ווען דער קייזער איז אהיים געקומען שפעט ביי נאכט, האט מען געמאכט אגרויסע סעודה פאר איהם און פאר אלע זיינע שרים.

אינמיטען דער סעודה דאבען די שרים אנגעהויבען צו שמועסען וועגען דעם גרויסען קבלת פנים וואס די יודען האבען געמאכט פאר'ן קייזער, ווי זיי גייען איהם אנטקעגען מיט זייערע הייליגע ספרים און זיי בענשען איהם.

דאן האט זיך דער משומד מארקוש יש"ו אויפגעשטעלט און געזאגט, אז דאס זענען גאר נישט געווען קיין אמת'ע ספרי־

# פון וואך צו וואך.

אין ווארשא איז פארגעקומען א קאנפערענץ פון קליינהענדלער פון גאנץ פוילען אויף וועלכער עס איז געקומען צום אויסדרוק דער העכסט טרויעריגער מצב פון יודישען קליינהענדלער

די דעלעגאטען האבען אונטערגעשטראכען די שעדליכקייט פון דער קאמפ'ם פאליטיק פארן יודישען מסחר איז אז נאר געהענדיג האנד ביי האנד מיט דער רעגיערונג קען מען אויסווירקען געוויסע פערלייכטערונגען.

---

די רעפארם יודען זענען געוועגליך מיט אלע זייערע רעפארמען אויסען געוועזען זיך צו פערגרינגערען דעם עול המצוות. ווייזט אבער אוים אז ווען עס האנדעלט זיך איינצופירען גויאישע מנהגים זענען זיי אויך מחמירים און נעמען אויף זיך נייע פליכטען. אזוי האט די ווארשאווער סינאגאגע בעשלאסען איינפירען קאנפערמאציע — א סארט בר מצוה צערעמאניע — פאר מיידלעך.

---

אין ענגלאנד איז אויך איינגעפירט געווארען א צוואנג־רוהטאג, מיט דעם חילוק אבער אז יעדער קען זיך וועלען וועלכען טאג ער וויל רוהען שבת צי זונטאג, רוהט איינער שבת מעג ער אָפען האלטען דאס געשעפט זונטאג. האבען אונזערע יודישע פריזירער אנפאנג'ס אויסגעקליבען פאר זיך דוקא צו רוהען אים זונטאג, זענען דאך די פריזירער ליידער שוין צוגעוואוינט צו חילול שבת. א דאנק אבער דער ענערגישער אינטערוועניץ פון דער שומרי שבת האבען די פריזיער חוזר בתשובה געוועזען און ערקלערט עפענטליך חרטה. איצט הענגט ביי יעדען פריזיר אין לאנדאן א טאָוועל „שבת געשלאסען".

יא! אינזערע פריזירער וואלטען זיך געמענט אראָבנעמען א מוסר השכל.

אין בערלין זענען לעצטענס פאָרגעקומען פערהאנדלונגען צווישען דער אגודת ישראל און דער יודישער אגענץ וועגען דער מעגליכקייט פון אַריינטריט פון דער אגודה אין דער אגענץ. ווי בעקאנט שטעלט די אגודה צוויי בעדינגונגען. די אגענץ זאל זיך נישט אָבגעבען מיט קיין קולטור ארבייט און ממילא אויך נישט מיט די שולען אין א"י. די אגענץ זאל ביי דער לעזונג פון אלע ווירטשאפטליכע און פאליטישע ענינים אָבהיטען די יודישע דינים. די אגודה האט דאפאר זיך בעדארפען אפזאגען פון יעדע זעלבסטשטענדיגע פאליטישע אקציע ווי מעמאראנדומס צום פעלקער בונד אין צו דער ענגלישער רעגיערונג.

די פערהאנדלונגען האבען אבער צו גאר נישט געבראכט, אלעס בלייבט וויעדער ווי געוועזען.

---

אין לאָדז האט די געזעלשאפט „אָרט" זעהר פ"ל אויפגעטעהן פאר דער פערשפרייטונג פון מלאכה צווישען יודען.

איז אבער דא איין גרויסער הסרון אין איר גאנצער טעטיגקייט וואָס זי די געז. ארט אליין נעמט צו נאר דוקא נישט יודישע מייסטערס און אינסטרוקטארען. איצט האט זי אפילו אויפן ארט פון א פעהיגען יודישען וועבער מייסטער צו גענומען א נישט־יוד. אזוי פיהרען זיך ביי אונז אינסטיטוציעס וואס לעבען אינגאנצען פון דער צדקה־פישקע, און צו וואס לערנען זיך א מלאכה ווען מיר אליין בויקאטירען יודישע ארבייט?

---

אין קאליש איז פארהאן א רעליגיעזע פאך־שולע ווי 100 רעליגיעזע יונגלעך לערנען זיך עלעקטראטעכניק און מעכאניקשלאסעריי. אָריטע שילער ווערען אויסגעהאלטען מיט אלעם נויטיגען אין דער שולע ווערט אויך טעגליך געלערנט לימודי קדש.

איצט צוליעב דעם קריזיס דראהט אז די אזוי וויכטיגע אינסטיטוציע — די איינציגע אין פוילען — זאל פערמאכט ווערען.

---

תורה, וואס די יודען האבען ארויס געטראגען, נאר ליידיגע שיידלעך און זיי נארען אב דעם קייזער.

ווען דער קייזער האט דאס געהערט, איז ער געווארען אין כעס און נאך א בעראטונג מיט זיינע שרים איז געווארען באשלאסען, אז זיי זאלען מארגען פלוצלונג אדורכפאהרען די יודישע גאס. וועלען דאך די יודען אוודאי ארוים געהען מיט זייערע ספרי־תורת, וועט מען דאן הייסען עפנען די ספרים, און אויב ס'וועט זיך ארויסווייזען, אז ס'איז אמת וואס דער מארקוש האט געזאגט אל מען באלד בעפאלען די יודען און זיי אויס'הרג'ענען ביז איינעם. אין יענער נאכט איז פערוואגעלט געווארען דער שלאף פונ'ם שמש פון איינער פון די סאראגוסער קהלות, ר' אפרים ברוך, א יוד א גרויסער צדיק. און ער האט נישט געקענט צומאכען קיין אויג.

מיט א מאל דער זעהט ער פאר זיך א געשטאלט פון א מלאך און הערט א קול: „וואס ליגסטו עפעס אין בעט? שטיי אויף גיכער, לויף אין שוהל אריין און לייג אריין די ספרי תורה אין די פוסטע שיידלעך. דו זאלסט אבער היטען דעם סוד און קיינעם גאר נישט אויסזאגען".

איז ר' אפרים ברוך געלאפען און געטון אזוי ווי דאס קול האט צו איהם גערופען.

דאס זעלבע האט אויך געטראפען מיט די איבעריגע 11 שמשים, און איינער פון צווייטען האט גאר נישט געוואוסט. ייז שבט אין דער פריה, איז דער קייזער אדורכגעפאהרען דורך דעם יודישען קווארטאל, צוזאמען מיט זיין גאנצער סוויטע און מיט דער גאנצער גווארדיע, אָנגעגרייט צו מאכען א תל פון אלע יודען.

ווי די יודען האבען זיך דערוואוסט אז דער קייזער פאהרט אדורך די יודישע גאסען, זענען זיי געלאפען, גענומען די ספרי־תורה און ארויס אנטקעגען דעם קייזער לויט זייער מנהג. פלוצלונג שרייט אוים דער קייזער: „איך וויל זעהען אייערע תורות, אין וועמענס נאמען איהר בענשט מיך!..."

הערענדיג די דאזיגע ווערטער, זענען די רבנים געווארען טויט בלאס און זיי האבען זיך זעהר דערשראָסען.

זיי האבען נישט געוואוסט פון דעם נס, וואס איז געשעהען דורך דעם חלום צו די שמשים.

אבער ווי גרויס איז געווען זייער פערוואונדערונג אין דער צייט ווען זיי האבען געעפענט די שיידען, און דער זעהן אז אין די מענטעלעך זענען טאקי דאָ די אמתע ספרי־תורה...!

אז דער קייזער האט געזעהן די ספרים, האט ער זיי געבענשט און זיי געשענקט דעם קאפ־שטייער אויף 3 יאָהר. און

# וואס הערט זיך אין קראקא ?

## די אהציע געגעי האלענדער רעפארם בעגינט.

נאך א אינטענסיווער פארבערייטונגס ארבייט איז דאס קראקאוער קאמיטעט די וואך צו געטרעטען צום זאמלען פראטעסט אונטער-שריפטען, און אלע הייזער אין קראקא-פאדגורז אין וועלכע ס׳וואוינען יודען איז צו איינעם פון די איינוואונער צו געשיקט געווארען ד׳אס מאטעריאל אויפצונעמען אינטערשריפטען ביי אלע שכנים פון בעטרעפענדען הויז.

צו די זעלבע איז אויך ביינעלעגט געווארען פראפאגאנדע מאטעריאל.

1־טע זיצונג פון געמיינדע בייראט. מיטוואך אווענד איז פארגעקומען די ע׳שטע זיצונג פון ביי-ראט פון דער קראקאווער געמיינדע וועלכע האט געדויערט א האלבע שעה. פרעז. ראלע האט געהאלטען א הספד דעם אויפגעלעזטען שטאדט-ראט וועלכער דאטירט נאך פון 1911, צווישען אנדערעם זאגט ער אז יעדער דארף זיך ווינשען אז די דויער פון בייראט זאל זיין א קורצע און אז ס׳זאל דער קראקאווער בעפעלקערונג געגעבען ווערען די מעגליכקייט ווי אמשנעלסטען צו וועהלען זיך אן אייגענעם שטאדט־ראט.

די באבאווער חתונה. ווי מיר האבען שוין מיטגעטיילט וועט פון קראקא אבגיין א סעפעראט-צוג קיין באבוב. דער צוג מיט דעם חתן און די מחותנים וועט אבגיין פון קראקא 10·15 אנקומען קיין באכניא 10·55, קיין סלאטווינא ברזעסקא 10·13, קיין טארנא 11·39, קיין טוכיב 12·12, קיין גראמניק 12·35, טשענשקאוויצע 12·41 קיין באבאו 12·56 באבאווא מיאסטא 13·06

דער חתן מיט די מחותנים וועלען — ווי דער מנהג איז אלעמאל ביי חתונות אין באבאווער הויף — אויסשטייגען אויף דער הויפט סטאציע באבאווא ווי אהין עס וועלען אקייגענקומען די מחותנים און ווי עס וועט אויך פארקומען דער פייערליכער קבלת פנים. פון דער סטאציע וועלען דער חתן די מחותנים און די געסט פאהרען אין שטאדט אריין מיט געלעגענהייט. ווי ס׳איז צו ערווארטען וועלען אין קראקא איינשטייגען עטליכע הונדערט פערזאן פון קראקא און אומגעבונג.

הילף פאר רוסישע יודען. די היגע קהלה האט פאריגע וואך בעשלאסען צו געבען א״ש 500 הונדערט זלאטי אלס פסח-שטיצע פאר רוסישע יודען, צי איז עס נישט פשוט לעכעריליך? פאר צווייט און דריט ראנגיגע חברות ווערען געגעבען טויזענדער זלאטים אמפאר נויטל יידענדע יודען אין רוסלאנד א סומע וואלט געפאסט פאר טשחוב אדער מויגעל. צו מיינט מען דערמיט אב-צוקומען דעם חוב לגבי די רוסישע יודען?

## שטעדט־צוזאמענפאהר אין קראקא.

אין קראקא איז זונטאג פארגעקומען א צוזאמענפאהר פון פון שטעדטעפערבאנד ס׳האבען זיך בעטייליגט פינף הינדערט דעלעגאטען פון 270 שטעדט פון ווארשא איז געוועזען א דעלע־גאציע פון 45 פערזאן מיטביידע שטאדט פרעז. בראש. עס זענען אויך געוועזען יודישע ראטמענער און לאווניקעס צווישען זיי אויך דעפ. לייבעל מינצבערג. נאכ׳ן שליסען דעם צוזאמען פאהר האבען די געסט בעזוכט קראקאווער אלטערטימליכקייטען און מערקוויר-דינקייטען.

## בחינה אין דער ישבה כתר תורה.

אין דער ישיבה כתר תורה אין קראקא דעם זונטאג פאר-געקימען די היפטפריפונג פון לערך 130 תלמידים כ״י אין קראקא און פאדגורזע. די תלמידים איבער הויפט פון ער ערשטער כתה האבען זיך בעזונדערס אויסגעצייכענט מיט גרינדליכער הכנה, צום פערהער איז ספעציעל געקומען דער אזוי נערופענער „זאוויערציער עלוי“ ר׳ דוד משה זיהן פון פרימלעווער רבין און איידעם פון ראדעמסקער רבי׳ן וועלכער איז אויך נושא פון אלע כתר תורה ישיבות.

אזעלכע ישיבות כתר תורה זענען היינט צוטאג פאראהן צעהן אין פערשיעדינע שטעט און פוילען און גאליציען אין וועלכע עס ווערען ערצויגען און עכטען תורה גייסט לערך פינף הינדער (כ״י) יודישע קינדער. אין! סאסנאוויץ איז אויך פאראהן א קיבוץ גבוהה פאר דערוואקסענע בחורים מיט א בית תבשיל ווי די בחורים ווערען בכבוד אויסגעהאלטען.

## חיים נייגער איז געווארען א פוסק אחרון.

אנפאנגס וואך איז אין קראקא פארגעקומען א ציוניסטישע קאנפערענץ פאר מערב גאליציען. חיים נייגער איז אויף דער קאנ-פערענץ ארוים געגען השומר וואס איז איינגאנצען אוועק אויף לינקים דער עיקר אבער האט ער זיין כעס אויסגעלאזט אויף דעם מזרח וואס שטערט אין דער ארבייט צוליעב פרימקייט. וואס האט דער מזרחי מורא — רופט ער אוים — אז די יודישע באהנען אין א״י וועלען געהען שבת? מ׳וועט שוין אויסגעפינען א היתר דערויף, איך קען זיי שוין היינט צושטעלען א היתר דערויף אפילו מיט יודישע ארבייט׳סקרעפטען. צו געפינען א היתר אויף לא תבערו איש מוז מען טאקי זיין א וואזישנע למדן ארער אפשר מינט ה׳ נייגער נאר דעם אלטען היתר פון עבר ושנה.



## לעזט און פערשפרייט „דאס ליכט“

דעם רשע מארקוש י״ש האט ער געהייסען אויפהענגען אויף א בוים זיין פלייש ווארפען פאר די הונד און זיינע ביינער פערברענען אויפ׳ן פייער.

די יורען פון סאראגוסא האבען דאן מקבל געווען אויף זיך און זייערע קינדער און קינדס קינדער צו פייערן דעם 17־טען שבט מיט פאסטען און דערנאך א סעודה און משלוח-מנות און ליינען דעם דאזיגען נס — פון אפארמעטענער מגלה. פונקט ווי מיטוט עס אין 14-טען טאג פון חדש אדר ווען מ׳ליינט מגלת־אסתר.

דער דאזיגער טאג ווערט נאך עד היום געפייערט ביי די שפאנישע יודען פון סאראגוסא, וועלכע וואינען — פין גירוש שפאניען אן— אין סאלאניקי, איזמיר און ירושלים.

בן—צבי.

## ר' אלי' קירשבראון ז"ל

פערגאנגענעם שבת צונאכטס איז אין ווארשא אין עלטער פון נישט מעהר ווי 49 יאהר נפטר געווארען כעוו. דעפוטאט, פרעזידענט פון ווארשאווער קהלה-ראט ר' אלי' קירשבראון. ס'איז ווען אין א צייטונגס נאטיץ צו דערמאנהען אין אבצושאצען אלע גרויסע פערדיענסטען פונ'ם נפטר. ס'איז אבער גענוג צו דערמאנען בלויז דאס לעגאליזירען פון חדר וואס ער האט נאך שווערע מיה דורכגעזעצט אין דאס אויספויעלען ביי די בעהערדען צו ערלויבען יודישע זעלנער געבען עסען כשר אין יודישע רעסטאראנען, אויף זיין איניציאטיוו איז אויך אין פיעל ערטער געשאפען געווארען ספעציעלע כשרע קיכען פאר זעלנער. דער נפטר איז געוועזען א פאליטישער פיהרער פון ערשטער מדרגה אין זייענדיג א פיהרער אין דעפיטאט פון אגודת ישראל איז ער אויך גלייכצייטונג געוועזען א פיהרער פון גאנצען יודישען כלל אין פוילען ער האט אין זיין טעטיגקייט געפונען אנערקענונג פון ארטאדאקסען און נישט ארטאדאקסען פון יודען און נישט יודען.

זייענדיג פערנומען מיט דער לייטונג פון דער ארטאדאקסער פאליטיק מיט אומצעהליגע אינטערווענצען פארן כלל און פאר יחידים — האט ער טראטץ דעם געפינען צייט יעדען טאג צו פילנעווען זיינע שעורים פון גמרא און אנדערע למרי קדש.

— די אויסערגעוועהנליך אימפאזאנטע לוי' איז טאקי אויך געוועזען אן אויסדרוק פון אכטונג און פערעהרונג צום נפטר פון אלע יודישע און נישט יודישע קרייזען, דער מלוכה פרעזידענט האט איהם אויסגעצייכענט מיט דעם אָרדען פון „פאלאני א רעסטיטוטא גרויסע מלוכה-מענער האבען ביים קבר בעדויערט דעם פריהען פערלוסט פון דעם גרויסען יוד און גרויסען פאטריאט, עס זענען אויך געקומען צו דער לוי' פערטרעטער פון חפץ חיים שליט"א זיין אייניקעל הרב קאפלאן פערטרעטער פון גערער רבין און פון אנדערע פוילישע רביים פיעל רבנים און פערטר. פון כמעט אלע יורישע פארטייען.

דאס גאנצע פוילישע יודענטום טרויערט איבער דער שמערצליכער אבדה פון גרויסען פאליטישען מנהיג.

יהי זכרו ברוך.

## קורצע ידיעות פון דער. וואד.

— אין א"י איז געשאפען געווארען א סוב־קאמיסיע פון לאנדווירטשאפט ראט צום פארשען קאלאניזאציע פראבלעמען. אין דער סוב קאמיסיע זענען יודען א מערהייט.

— די קויקאזישע יודען אין א"י האבען אונטערגענומען אן עאקציע אויף געמישטע חתונות צווישען די פערשיעדענע גרופע יודען.

— אין מאסקווע הייבט אן צו ערשיינען א מאנאטשריפט „דער אפיקורעס" צו פראפאגירען אנט. רעליגיאזיטעט.

— קלויזענבורגער רב הרב גלאזנער וואס ווערט בעשולדיגט אין פארלעגען שוחד א פאל צוי בעאמטען, איז בעפרייט געווארען פון ארעסט.

— דער אינדיש מוזולמענישער פיהרער שויקאט אל. איז פענטליך זעהר שארף ארויס געגען ציוניזם.

— די טעג זאל ערשיינען דער בעריכט פון דער כותל מערב קאמיסיע ביים פעלקער-בונד.

— דער דזשאינט גרייט זיך צו א זאמעל אקציע פון צוויי־א האלב מיליאן דאלאר פאר די מזרח אייראפעאישע יודען.

די אראבישע עקזעקוטיווע רופט אלע מוזולמענער צו א באיקאט געגען יודען,

— די יודישע אגענץ האט געגרונדעט אין א"י א ציטרוס־לאבאראטאריע צו ענטוויקלען די ציטראנען צוכט.

-- די אימיגראציע קיין אמעריקא איז ווידער רעדוצירט געווארען אשז מיט 40 פראצענט.

— די פאליציי אין פראנקרייך האט אנגענומען שארפע רעפרעסיעס געגען אויסלענדער פיעל ויערען אויסגעוויזען,

— די היטלער־פארטיי אין רייכשלאנד האט בעשלאסען נאך צו פערשטארקען די העצעס געגען יודען.

— אין ליטא וועלען א דריטעל מיטגליעדער פון די מאגיסטראטען ווערען נאמינירט פון דער רעגיערונג. בכדי אבצושוואכען די יודישע מאיאריטעטען אין די שטעדט,

— אויף דער שיף אדריא וואס פאהרט צווישען טריעסט און יפו איז איינגעארדנעט געווארען א שוהל פאר יודישע עמיגראנטען.

— דער בירגערמייסטער אין סטערי רומעניען האט אויף א זיצונג פון מאגיסטראט געשלאגען דעם יודישען סענאטאר צופשטיין.

## פון מיין וויצע־טעקע.

פון א. ד—ן

### דאך אמאל א קליגער חזן.

ווען קאיזער פראנץ יאזעף האט בעזוכט קראקא איז פאר אים געמאכט געווארען א פייערליכער קבלת פנים אין דער אלטער שוהל.

כנהוג מיט בעגריסונגען, מיט א ברכה מאכען און אויך מיט א הנותן תשועה וואס ס'האט געזינגען דער שטעדישער ‚חזן. ווי געוועהנליך האט זיך דער חזן ביים זינגען אונטער געהאלטען מיט ביידע הענד, דער קאיזער האט זיך אויסגעפרעגט פערשיעדענע זאכען וועגען דער לעגענדארער אלטקייט פון דער שוהל, וועגען איהר איינריכטונגען אירע אלטער־טימליכקייטען א. א. וו.

ביים אוועק געהען פון שוהל רופט זיך אפ דער קאיזער איר האט דא אויך א זעהר קלוגען חזן, דהיינו, ווי אזוי דען? פרעגט אים דער ראש הקהל. איר זעהט דאך! ער איז אליין אזא מבין אויף זיין זינגען אז ער פערשטעלט זיך אזש ביידע אויערען, ער וויל זיין אייגען זינגען נישט הערען.

### צווישען צוויי בעלי עגלות

ס'זענען אמאל געזעסען צוויי פרימע בעלי עגלות שבת נאך טיש אין אוים געזאגט גאנץ תהלים. דערנאך פרעגט איינער דעם צווייטען: שמעי' איך האב געזאגט גאנץ תהלים, דארף איך נאך זאגען ברכי נפשי אויך?

העד נאר א שאלה — ענטפערט אים דער צווייטער בעל עגלה — מיט א גענען שאלה אויפ'ן יודישען שטייגער.

אז דו פיהרסט א פאס מיט שמיער דארפסטו דו שוין פארדאס נישט שמירען די רעדער.

# וואד קאלענדער

מיט היסטארישע דאטען און יאהרצייטען.

**פרייטאג י' אדר.**

שנ"ב איז דער מהר"ל מפראג אויפגענומען געווארען דורכ'ן קייזער רודאלף. דער קייזער האט מיט איהם פארבראכט אנדערטהאלבען שעה און איהם אנגעטהוען גרויס כבוד.

**שבת י"א אדר.**

תקפ"ו איז געגעבען געווארען בירגער־רעכט די יודען אין פאוטוגאל.
יאהרצייט פון חיד"א ר' חיים יוסף דוד אזולאי ה' תקס"ח.
יאהרצייט פון הג' ר' אברהם סוכאטשובער רב, ה' תר"ע.

**זונטאג י"ב אדר יום טוריינוס**

באלעסלאוו גיעט בירגער־רעכט די יודען אין פוילען, ה' ר"ד.

**מאנטאג י"ג אדר תענית אסתר**

יהודא מכבי בעזיעגט דעם גריכישען פעלדמארשאל נקנור און הרג'עט אים.
שכ"ח געשט. דער פאטער פון רמ"א ר' ישראל איסר'ל.
אין קראקא אומגעקומען אויף קה"ש הק' ר' ישראל שלום שכנא תמיב.

**דיענסטאג י"ג אדר פורים סיוק"ל די גאנצע נאכט**

געשט. ר' משה לאנדוי אין קראקא שכ"א.

**מיטוואך ט"ו אדר**

נעשט. הג' ר' צבי קיידינאווער בעל „קב הישר" ת"ל.
געשט. ר' יעקב קאפיל לוקאווער זיידע פון לובלינער חוזה.
געשט. ר' בעריש מייזעל'ס אין ווארשא ה. תריל.

**דאנערשטאג ט"ז אדר**

בלוט־בלבול אין פארט סעיד מצרים (עגיפטען) ה. תרנ"ב.
יאהרצייט פון ר' שניאור דוב שניאורזאהן ה' תרנ"א.

# בריעף פון טארנא.

רעוויזיאנס קאמיסיע אין דער טארנער קהלה. זייט איניגע טעג ווייזלט אין דער היעגער קהלה א רעוויזיאנס־קאמיסיע, 2 העכערע בעאמטע פון דער מאכט, פארשען די ביז יעצטיגע טעטיגקייט פון דער קהלה, און ווי ס'הייסט האבען זיי אויך געטראפען געוויסע אומארדנונגען, דערווייל ווערט עס נאך געהאלטען בסוד. פאר דער ביז איצטיגער מעהרהייט, זענען די טעג פונ'ם רעגיערען מיט דער קהלה — ווי ס'האט זיך געאייסערט דער וויצע־פרעזעס פון דער קהלה ד"ר שפאן — גאנץ געצעהלטע.

— שבת פ' משפטים האט דא געווייזלט ר' ישעי' געמיינער פון קראקא, וועלכער האט אבגעהאלטען אינ'ם שטעדטישען ביהמ"ד 2 רעפעראטען, דאס בעגייסטערטע רעדען פונ'ם בעליבטען „מחזיקי למוד" עסקן, האט צו געציויגען א גרעסערען עולם צוהערער, געווינענדיג דאביי א סך סימפאטיקער פאר דער היעגער זעהר פאפולערער חברה מ"ל. זי"ק.

---

מזל טוב!

פריינד **אליעזר ליפא געליעבטער** ראדאם

צו דיין חתונה האבען

זאל דיין לעבענס־וועג זיין בעציהרט מיט פיעל גליק און הצלחה און זאלסט בקרוב זעהן די רעאליזירונג פון דער „פועלי אגודת ישראל" אידעע.

ראדאם יחיאל פריעדמאן.

---

מעומק לבבי הרינו מברך את דודתי מרת **יוטא ערטעל** בברכת גדא טבא לנשואה את ב"ג **אהרן פינהאס** שתי' בשטו"מ ביום ד' פ' תשא הבע"ל בעיר דאבראמיל.
תהי דרכם בחיים צלחה ויזכו לבנות ביתם מתוך עושר ואושר.

יוסף הורוויטץ קראקא — פשעמישל.

---

ברכת גדא טבא לכבוד הב' המופלג בתו"י סגן יו"ר אגודתנו בנש"ק כמר **אבוש הורוויטץ** בן הרה"צ שליט"א ממעליץ, לארושתו את ב"ג.

יהא קשרם קשר של קימא ויזכה לבנות ביתו ברוח התורה מתוך עושר ואושר.

„צעירי אגודת ישראל" קראקא.

---

גם אני בין המברכים

מזכיר יוסף ריטערמאן.

---

מעומק לבבנו הרינו מגישים את ברכתינו החמות וברכת מז"ט לבבית לכבוד ידידנו הב' החשוב בנש"ק כמר **אבוש הורוויטץ** לארושיו.

יואל צבי הירשבערג.
יעקב וויינגארטען.

---

בברכת מז"ט חמה לכבוד הב' המופלג בנש"ק כמר **אבוש הורוויטץ** בן הרה"צ ממעליץ שליט"א לארושיו מברך מעומק הלב

ידידו דוד לעווי.

---

בלב מלא חדוה וגיל הרינו מושיט כוס של ברכה ובתוכו ברכת מז"ט לידידי ואהובי הח' המופלג בתו"י איש אשכולות מר **אבוש הורוויטץ** בהרה"צ ממעליץ שליט"א לרגלי נשואיו. תתמזגנה אצלו תורה וגדולה וכל משאלותיו תתמלאנה.

ידידו ליפא קערבער.

---

את ידידי הב' התורני בנש"ק כמר **אבוש הורוויטץ** ברכת מז"ט לבבית לרגלי ארושיו.

שלמה בערגאפען.

---

לארושי הב' התורני בנש"ק כמר **אבוש הורוויטץ** ברכת גדא טבא מעומק הלב מברכים

משה הורוויטץ — דוד משה מרקוס.

---

לכבוד דודי היקר ר' **יצחק טראטנער** אוהערצע לרגלי נשואי בנו ולבנו הב' החתן כמר **לוי צבי** אחולי לבב וברכת מז"ט חמה תהי קשרם קשר של קימא ויבנה ביתו לתפארת משפחתו. ש"ב

יעקב טראטנער, קראקא.

---

נאכדרוק פארבאטען.

# אסתר המלכה

היסטאָרישע ערצעהלונג. געשריעבען ספעציעל פאר „דאס ליכט". פון עתניאל

זיבעטע פארטזעצונג

זי איז שנעל צו געלאָפען צום גרויזאמען פריץ זיך געוואר־פען צו זיינע פוס און אָנגעהויבען בעטען פאר ן לעבען פון איר פאטער

הרגעט מיך אויב איר מוזט אייער שרעקליכען בעפעהל אויספיהרען און ‏לאזט מיין ליעבען פאטער פריי — האט זי זיך געבעטען.

אך ! קינד מיינס האט אין א ליבליכען טאָן אָנגעהויבען איר בערוהיגען דער פריץ — ווער האט עס דיער איינגערעדט ? מיר ווילען דיך גאר נישט הרג'נען, איך בין, אמת דער מעכטיגער און שטרענגער פאן. אָבער דארפסט זיך גאר נישט שרעקען, איך וועל דיר גאר קיין שלעכט'ס טוען

ר' יהושיע מיט זיין טאכטער זענען שטארק איבעראשט געווארען פון דער פלוצים'דיגער ווענדונג וואס די זאך האט אנ־גענומען.

דער תמיד שטרענגער פריץ איז ביים אנבליק פון דער יונגער אסתר מיט אמאל געווארען אזוי מילד און צארט, אז ער האט זיך אפילו פערגעסען זיין הויכע שטעלונג פון א שטארקען און מעכטיגען פריץ און נישט גיקארגט קיין קאמפלימענטען דער בעחנ'טער יודישער טאכטער.

ר' יהושיע האט זיך דער ערשטער אָריענטירט זיין דער לאגע און זיך תיכף געכאפט וואס דא קומט פאר.

ער איז שנעל צוגעלאפען צו זיין טאכטער זי פעסט ארומ־גענומען מיט זיינע שוואכע אָרימס. ווי ער וואלט געזאגט; נאט זעהט איהר שטארקע און מעכטיגע מיין טאכטער איז זי, א-יודישע טאכטער און צו קיינעם פון אייך וועט זי נישט געהערען.

ער האט זי געהאלזט און געקושט און אויסגעבראכען אין א יאמערליך געוויין.

אָה ! מיין טייערע טאכטער, מיין איינציגער טרייסט,— האט ער אויסגערופען — וואס וועט זיין פון דיר, וואס וועט זיין פון דיר ? צוליעב מיר ביסט דו אריינגעפאלען אין אָט דער לייבען גרוב. אָה ! וואלסט מיך בעסער געלאזט שטארבען איינזאם אין אליין אויפ'ן פרייען פעלד. אבער דא וואס וועט ווערען פון דיר טאכטער מיינע, צי וועסט דו חלילה אמאהל געהערען צו א גוי ? וועל איך נאך חלילה דע-לעבען אזא שאנדע אויך?

זאג טאכטער מי נע, מיין איינציגער טרייסט,

ניין ! קיינמאהל נישט, איז געוועזען דערשטאלצער און פעסטער ענפער פון דער יודישער טאכטער.

און ר' יהושיע האט איר אנגענומען ביי דער האנד זי ארויס צו פיהרען פונ'ם זאל אבער אומזיסט, די דיענער האבען פאר זיי פערשטעלט דעם וועג זיי האבען נישט געקענט געהען א שריט.

„דו נארישער יוד — רופט ענדליך אויס דער פאן אליין געווענדעט צו ר' יהושיע'ען — פון דאנען ווילסט דו אנטלוי־פען ? צו ווייסט דו דען נישט אז איך בין בכח אין איין מינוט מאכען א ענדע פון דיין לעבען און פון לעבען פון דיין טאכטער ? אבער דער ג־ט פון אייערע אבות האט עס נישט אזוי געוואלט, איך וועל אייער טאכטער מאכען פאר א פירשטין, איך וועל איר געבען גאלד, זילבער און די טייערסטע מלבושים וויעפיעל איר הארץ גליסט. אויך אייך וועל איך בעלוינען מיט א רייכער האנד איך וועל אייך געבען די טייערסטע מתנות אז איר וועט קענען אייער לעבען לאנג במנוחה שטודירען אייער תורה— וויסענדיג אז איר האט איבערגעגעבען אייער טאכטער אין א גוטער האנד, אז איר האט זי פערזארגט מיט עשירות כבוד און מאכט.

„ארים און פערלאָזען זענט איהר געקומען אין א פרעמד לאנד אָהן האפנונג אין אָן וועלכע ס'איז אויסזיכט און תיכף האט אויך ג־ט מזכה געוועזען מיט אזא גליק". „צו זעהט איר נישט אז עס איז אלעס אזוי פון הימעל געשעהען" ?

מיט אָזעלכע און עהנליכע תחנונים־רייד האט דער זאנסט שטרענגער פריץ איצט געפרובט וייך צו מאכען די הערצער פון די צוויי יודישע אנטלאפענע און געזוכט געווינען פאר זיך דאס הארץ פון דער יונגער אסתרקע און איר פאטער.

די געסט האבען זיך די גאנצע צייט שטילשווייגענד צו־געקוקט צו דער גאנצער סעצענע און מיט אַ חזק שמייכעל אויף די ליפען בעטראכט דעם גאסט־געבער ווי ער איז עס מיט אמאל געווארען אזוי גוטישקע צו די יודישע עמיגראנטען פערגעסענדיג אינגאנצען זיין שטרענגען בעפעל געגען יודען.

דער פריץ האט עס בעמערקט און כדי נישט ווערען צו ליטיש געלעכטער האט ער געגעבען א בעפעל ארויס צופירען פון זאל אסתר'קען איר איבערגעבען עטליכע צימער מיט בע־דיענונג און איר געבען קליידער. אויף זיך איבערצוטוען אירע פראסטע פון וועג אבגעריסענע קליידער די דינער האבען צו איר גרויסער שרעק און צו דער שרעק פון איר פאטער זאפארט מיט גרוים אכזריות אויסגעפירט דעם בעפעל און מיט געוואלד זי ארויס־געריסען פון איר פאטערס שוואכען שויס.

וואס זאל געשעהען מיט דעם פאטער ? פרעגט איינער פון די קנעכט ? איצט גאר נישט, פיהר אים אראפ אין קעלער אריין ביז מארגען וועל איך מיך מיישב וואס עס איז צו טוען מיט דעם וד.

(פארטזעצונג פאלגט)

איז דער וואסער־מיהל
פון ר' **משה יוסף קליינער**
איז פראשאוויטץ
ווערט געמאהלען אונטער דער השגחה
פון הרה"ג דק"ק פראשעוויץ
**קמח של פסח**
כשר אף למהדרין מן המהדרין.
פרייזען זעהר קאנוועניערענד.

---

איז דער בעקאנטער וואלץ־מיהל פון
**L. Abrahamer, Kraków**
**Łobzowska 5.**
איז צו בעקומען
**מעהל כשר של פסח**
פון די בעסטע ווייצען. אונטער דער השגחה פון
הראכאווער און פאדגורזשער ראבינאט.
ביליג — — — — — — רעעלע בעדיענונג.

---

איך איבערנעם אויף אייגענע קאסטען דורכצופירען אלערליי
**פראצעסען** געגען דער באהן־בעהערדע
פאר מעהר פארעכענטע פראכט־געביהרי,
פערלוירענע אדער בעשעדיגטע זענדונגען,
ווי אויך פאר באהן אומגליק'ס - פאלען.
צו מעלדען שריפטליך אין אדמ. אונטער „נישט פערנאכלעסיגען".

---

**ALEKSANDER FISCHHAB**
Wytwórnia pieczątek oraz winiet wytłaczanych.
Tablice emaljowane i metalowe numeratory
automatyczne.
**KRAKÓW, GRODZKA 46. -- Telefon 132-56.**

---

אללערליי **זילבער אויסארבייטונגען**
ווי קאנדעלאבערן, עסס־צייג א. ד. ג.
בעסטע אויספיהרונג ביליגע פרייזען
נאר ביי **שמואל פויסט, קראקא**
אין הויף **Krakowska 12.**
רעפעראטורען ווערען שנעל און ביליג ערלעדיגט.

---

**ווייז צו קאנקורענץ פרייזען ווייז**
אינלענדישע ווי אויך אונגארישע און טאקאיער ווינען
אלטע און נייע
אמביליגסטען ביי
**ש. שעהנפעלד, קראקא, דיעטעלסגאס 56.**

---

די גוט בעקאנטע
**רעסטאוראציע**
פון ביליגע און געשמאקע שפייזען
פון ר' **יעקב קארנגאלד**
האט זיך איבערגעטראגען אויף
**מיאדאוואגאס 22.**
איינגאנג דורכ'ן טויער לינקס.
**אללערליי משקאות!**
**וואיציקעוויטש'ס מעטה!**

---

**Mieszkanie** składające się z dwuch pokoji i kuchni na II. p. przy ul. Starowiślnej zmienię na parterowe.

---

Kupuję AUTO OSOBOWE w dobrym stanie Zgłoszenia pisemne pod „Mechanik" do administr.

---

Samodzielna koresp polsko-niemiecka i buchalterka z kilkuletnią praktyką poszukuje posadę. Łask zgłoszenia pod „Rutyna" do drukarni Meiselsa 4

---

א העברעאיש־פויליש שרייב־מאשין ווערט געזוכט צו קויפען. אונטער „לינקס רעכטס" צו מעלדען אין דער אדמיניסטראציע

---

פאר'ן אינהאלט פון די אנאנסען איבערהויפט בנוגע כשרות איז די אדמ. נישט פעראנטוואָרטליך.

| | | |
|---|---|---|
| אבאנאמענט'ס פרייז: א חדש 80 גר. א קווארטאל 2.40, א יאהר 9 זל. אויסלאנד א יאהר אנדערטהאלב דאלאר. | מאנוסקריפטען ווערען נישט צוריקגעשיקט. ביי אנפראגע אויף תשובה דורך דער פאסט דארף בייגעלעגט ווערען מארקען אויף תשובה | אנאנסען פרייז: פאר א מילימעטער שורה אויף דער לעצטער זייט 30 אין טעקסט און אויף דער ערש־טער זייט 50 גר. דער עמוד געטיילט אין 4 שפאלטען גראטולאציעס א פעטיט־שורה 50 גר. די קלענסטע 2 זל |

Wydawca: Za wydawnictwo „Jawne" i red. odp. W L. Urbach. — Drukarnia M. Lenkowicza, Kraków, Meiselsa 4